הײַנט 8 זײַט.

Radom, dnia 13 Marca 1931 r.

ראַדאָם, פרייטאָג כ"ד אדר תרצ"א

Radakcja i Administracja
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

אַנאָנסען - פרײַז:

צײַן מילימעטער שורה: פאַרן טעקסט 40 גר.

" " " אין " 60 "

" " " נאָכ'ן " 25 "

די 1-טע און לעצטע זײַט ענטהאַלטען

8 שפּאַלטען

אין טעקסט 4 "


# ראַדאָמער-קעלצער לעבען



צו דער פֿערלאָבונג פון אונזער ליבע טאָכטער און שוועסטער

ח ו ה ' ט ש ע מיט ה' ז ע ל י נ מ א נ ע ל א

ווינשען, אַ ליבע און גליק זאָל זײַן זייערע אייביגע באַגלייטער.

מאיר בענעט עם פרוי.

צו דער פֿערלאָבונג פון אונזער ליבע שוועסטער און שוועגערין

ח ו ה ' ט ש ע ב ע נ ע ט מיט ה ז ע ל י נ מ א נ ע ל א

ווינטשען מיר אַ גליקליכע צוקונפט און אייביגע האַרמאָניע.

מ ש ה ה י י נ ש ט אָ ק עם פ ר ו י

און קינדערלאַך.

Z intencji zaręczyn naszej kochanej siostry

Ewy Benetównej z p. Zygmuntem Manelą

życzymy wiecznej miłości i zadowolenia na nowej drodze życia

*Henia i Jakób.*

Zawiadomienie.

*Dom Sierot w Radomiu, Obozisko*

urządza

w sobotę dnia 14 marca 1931 r.

WIELKI DANCING

w cukierni p. Przybytniewskiego

na które uprzejmie zaprasza

ZARZĄD.

Początek o godzinie 9 wieczór.

Konkursy tańca, piękności i wiele innych atrakcyj.

צו דער חתונה פון אונזער חבר און פֿרײַנד

ד ו ד ו ו י י ס ב אָ ר ד מיט פרל' ל אָ ל אַ ז י ל ב ע ר ש ל אַ ק

ווינשען מיר אַ גליקליך צוזאַמענלעבען און אייביגע צופֿרידענהייט.

חנה צוויגענבערג, מילמאַן ליב,
ירמיה זאַלצמאַן, רייך אליעזר.

דעם טיעפסטען מיטגעפיהל דריקען מיר אויס אונזער חבר צ ו ק ע ר

צוליב'ן טויט פון זיין

מ ו ט ע ר נ"ע

ש. הײַנשטאָק, מ. קאַרמאַן,
מ. גרינבלאַט, א. טענענבוים,
ה. גרינבלאַט.

# שטורמישע זיצונג אין דער ראדאמער קהלה.

**היציגער דעבאטען - קאמפף ארום בודזשעט פון יאהר 1931 — צוויי בודזשעטען: די פערוואלטונג האט איינעם און דער ראט דעם צווייטען — די גאלעריע ארבייט מעשים און איז „מכבד" דעם פרעזידיום מיט קארטאפלעס — פאר'ן דאזיגען כבוד איז מען דער גאלעריע מכבד מיט פאליציי, וואס ווערט טעלעפאניש ארויסגערופען.**

נאך א לענגערע הפסקה איז דער קהלה-ראט זיך צונויפגעקומען דעם פאריגען זונטאג. דער הויפט-פונקט אויפ'ן סדר-היום איז געווען דער בודזשעט פון יאהר 1931, וועלכער איז געווען דער בדען-שטאף, וואס האט ארויסגערופען די שטורמישע און ליידענשאפטליכע דיסקוסיעס.

אוף דער זיצונג איז געקומען די ציוניסטישע און האנדווערקער פראקציעס און די גאנצע היינטיגע פערוואלטונג. די ארטאדאקסישע פרנסים זענען אינגאנצען נישט געקומען.

די זיצונג עפענט דער פארזיצענדער פון ראט ה' י. פרענקעל, וועלכער איז מודיע, אז די קהלה האט געקריגען צוגעשיקט א מעלדונג פון סטאראסטא צינויפצושטעלען דעם בודזשעט פון 1931 און צו דעם צוועק האט די בודזשעט - פינאנס - קאמיסיע אין גמינע אויסגעארבייט דעם פרעלימינאריום, וועלכער האט אויסגעצייכענט א ראציאנעלע ווירטשאפט.

וויצע פרעזעס פון דער איציגער פערוואלטונג ה' בנימין האכמאן ענטפערט אויף דעם. אז די פערוואלטונג האט שוין אויסגעארבייט א בודזשעט, וועלכער ווערט נישט בעלעסטיגען די שטאדט, ווייל זי האט גענומען אין אכט די היינטיגע אויסערגעוועהנליכע שווערע צייט. די יעצטיגע גמינע-פערוואלטונג וויל נישט קיינעם בעוועלה'ען וויל נישט דערלאזען צו קיין ליציטאציעס און זי בעמיהט זיך מיט כל הכחות נאכצוקומען די בקשות פון די שטאט-צאהלער'ס, וועלכע זענען שולדיג קהלה-שטייער פון די פריהערדיגע יאהרען. ה' האכמאן בעט דער ראט זאל נישט מאכען קיין שוועריגקייטען און לאזען דורכפיהרען דעם בודזשעט פון דער פערוואלטונג, וועלכער איז גענוג פעטיג און לויט די כחות פערהעלטנישען פון דער שטאדט.

דאן רעפערירט דער

### פרנס מ. ל. פישמאן

אין נאמען פון דער פינאנס-בודזשעט-קאמיסיע דעם פרעלימינאריום פון ראט וואס די זעלבע קאמיסיע האט אויסגעארבייט ער ערקלערט. אז די פינאנס-קאמיסיע האט איינגעפונען, אז היינטיגעס יאהר זאל אינגאנצען אבגעשאפען ווערען די „סקלאדקע", ד"ה דער עטאט-שטייער, מחמת די הכנסות, וואס פליסען-איין פון דער שחיטה, בית-עלמין, עליות, חתונה-אקטען און פון אנדערע קוועלען קאנען אויסהאלטען די גמינע-הצטרכות'ען. ה' פישמאן בעגרינדעט דעם דאזיגען פראיעקט מיט ארגומענטען פון היינטיגען קריזיס. חוץ דעם ערקלערט ה' פישמאן האט די גמינע אבצונעמען פאר פערלעגענע חובות ביי א סומע פון 138 טויזענד זל, ווען ער לייזט פאר די בעזונדערע פאזיציעס פון ראט-בודזשעט, וואו ס'פיגורירען די פערשידענע פענסיעס פון די שוחטים, קאנצעלאריע-בעאמטע און ראבינאט — ענטשטעהט א גוואלדיגער סומע. די פערוואלטונג - מיטגלידער לאזען איהם נישט פארטזעצען און פרעגען פאר וואס אין דעם דאזיגען בודזשעט עס פיגורירט נישט די פענסיע פון הרב קעסטענבערג. אויך די גאלעריע מישט זיך אריין און רעאגירט שטורמיש אויף דעם, ס'הערען זיך שארפע צווישענרופען אויפ'ן אדרעס פון דער אלטער גמינע. ה' פרענקעל פעראָרדענט איינעם פון דער גאלעריע צו בעזייטיגען, וואס האט איהם בעליידיגט. ס'געדויערט א געוויסע צייט, ביז דער עולם בערוהיגט זיך און די זיצונג קומט ווייטער פאר.

### פרנס איידעלבוים

אויך א מיטגליד פון דער בודזשעט-פינאנס-קאמיסיע, ווינדערט זיך אויף ה' פישמאן פאר וואס ער רעדט אין נאמען פון דער דערמאנטער קאמיסיע בעת ער ווייסט נישט פון דעם נייעם פראיעקט, אז מ'זאל אבשאפען די „סקלאדקע" און, אז ער איז נישט געווען ביים צונויפשטעלען די פענסיעס פון ראבינאט און פון די בעאמטע.

מיט א גרעסערע רעדע צו ענטפערען דעם ה' מ. ל. פישמאן טרעט ארויס

### ראזאר בנימין האכמאן

וועלכער פאלעמיזירט שטארק מיט ה' פישמאן, אויפווייזענדיג איהם, אז אזא עטאט קאן די קהלה נישט פונקציאנירען. די הכנסות וואס ה' פישמאן שטעלט פאר זענען איבערגעטריבען

---

פנחס צווייפוס.

## דער ספינקס, די מדבר סאהארא און די פיראמידען.

(ענדע.)

ער האט נישט בעמערקט דאס איהם געפעלט זיך א גרוב, און נעהענדיג ווייטער איז ער אין גרוב אריינגעפאלען.

ער האט וועגען הילף געזרופען. עס האט איהם אבער קיינער נישט געהערט.

א גאנצע נאכט איז ער אין גרוב געווען. ווען עס האט אנגעהויבען צו טאגען איז די דינסט ווי געוועהנליך געגאנגען אויף דעם מארק איינקויפען, זי האט געבראכט פערבייצוגעהען פאר דעם ארט, וואו איהר הערר איז אין גרוב אריינגעפאלען ווען זי איז נעהנטער צום גרוב צוגעקומען האט זי דערהערט א מענשענשטימע, ווי ער שטיינט איז זי אבער געווארען ווען זי האט איהם דערזעהן. זי האט איהם געפרעגט — געשעצטער הערר! ווי קומסט דו אהער אין גריב אריין?

האט ער איהר געענטפערט דאס ער האט ארויסגעקוקט צום הימעל, ווייל ער איז בעשעפטיגט געוועזען מיט די שטערן און דעם גרוב נישט געזעהן.

די דינסט האט אנגעפאנגען צו לאכען און געזאגט:

—טייערער הער, דו זוכסט אוף דעם הימעל און זעהסט נישט וואס אונטער דיינע פיס טהוט זיך?

איהר פעלקער. איהר ווילט צום מארס פליהען, א נייע וועלט געפונען, איהר האט זי אונטער אייערע פיס.

איהר יענקיס. איהר האט דער וועלט אייערע ענערגיע און אונטערנעהמונגס גייסט געוויזען, ריעזענווערק האט איהר בעשאפען, איהר ווערט בלויז די ווערע אויפגאבע מיט דער בייהילף פון די פעלקער לעזען קענען, און איהר, מיסטער פארד, אייער שאפפונגס-גייסט, ענערגיע אין געלד דיקטירען אייך אלס איניציאטאר צו זיין.

די מענשהייט בעוואונדערט די קברים פון די פאראאָנס.

אויך וואלט אבער די מענשהייט עוויג בעוואונדערט און געבענטש האט איהר וואלט זיך נויט אין דער מדבר דערט יעבען און דארט א לעבעדיגע וועלט בעשאפען.

די פעלקער וואלטען זייערע אפעטיטען איינגעשטילט און עס וואלטען אפשר ערפילט געווארען די ווערטער פון ישעיה הנביא: „וכתתו חרבותם לאתים, וחניתותיהם למזמרות". „לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה".

עס וואלטען פריעדען און ליעבע געהערשט און איהר מוסטער פארד וואלט געקרוינט געווארען מיט דעם טיטול: „אפאסטאל פון דער צייט".

פיער הונדערט איניגע דרייסיג יאהר זענען פערפלאסען זייט קריסטאף קאלומבוס האט אמעריקא ענטדעקט, אויך א מדבר, וואס האט איהר אבער פון איהר געמאכט?

עס איז דעריבער נישט קיין אוטאפיע וואס איך שרייב, נעהמענדיג אין אכט די טעכנישע מיטלען מיט וועלכע איהר אמעריקאנער דיספאנירט היינט צו טאג.

דער אייזערנער ווילען וועלכען איהר בעזיצט ווערט אייך צום געוואונשטען ציעל פיהרען.

וואס פאר א פערגלייך און בעדייטונג וועלען העלען דאן האבען די פיראמידען פון די פרעה'ס געגען

און זענען בשום אופן נישט בכח צו דעקען די גמינע-בעדערפנישען. ווייטער וואָס שייך די איבערגעבליבענע חובות אויף א סומע פון 138 טויזענד זל. פון די פריהערדיגע עטאַט-צאָהלער, איז קיין רייד נישט פון איינקאַסירען, מחמת דער גרעסטער טייל פון די, וואָס זענען שולדיג געבליבען, זענען זעהר פעראָרימט געוואָרען און זיי דערלאַנגען כסדר רעקורסען מ׳זאָל פון זיי אראָבנעמען דעם דאָזיגען באַלאַסט און זייערע בקשות מוז מען אונבעדינגט בעריקזיכטיגען, נעמענדיג אין אכט זייער ביטערע לאַגע. די היינטיגע גמינע — זאָגט ה׳ האָכמאַן — האָט נישט קיין האַרץ ארויסצושטעלען אויף ליציטאַציע די לעצטע בעבעכעס פון די אונפערמעגליכע. דאָס האָט נאָר געקענט בעוויזען די אַלטע גמינע, וועלכע האָט אפילו נישט געשוינט אַזאַ אָנגעזעהענעם בירגער ווי אברהם ליפּא דען, ביי וועמען זי האָט פאַר עטאַט ליציטירט שׁוב-חפצים, פערגעסענדיג אינגאַנצען, אז דעם זעלבען האָט אמאָהל די שטאָדט בענוג געקאָסט. די אַלטע גמינע — רעדט ווייטער ה׳ האָכמאַן — האָט אָנגעהויבען בויען בית-הכסאות, געפלאַנט צו שטעלען א מקוה, אָבער וואו איז דאָס אַלעס? ה׳ פישמאַן קומט מיט נייע ערפינדונגען, אָבער פון וואַנען וועט מען נעמען צו געבען סובסידיעס פאַר פערשידענע אינסטיטוציעס? צי וועלען פון זיינע שעהנע ווערטער יודען האָבען אויף פסח? און פון וואַנען וועט מען נעמען אויף א פסח-קיך פאַר יודישע זעלנער און פאַר יודישע אַרעסטאַנטען אין קרימינאַל? יאָהרען-לאַנג האָט מען געפיהרט א רבנות-קאַמפף, וואָס האָט אָבגעקאָסט אַן אַ שיער געלד דער שטאָדט, צי דערפאַר איז דאָס געווען די אַלטע גמינע א גוטע גמינע צי דערפאַר, וואָס זי האָט געפערענט קיין ראַדאָם צוויי נייע שוחטים, וואָס זענען געווען אומנויטיג? פערצייכענט, אז מ׳האָט אויפגענומען שוחטים, האָבען זיי ארייננעצאָהלט אין קהלה אריין, יענע שוחטים האָט מען נאָך צוגעצאָהלט.

ה׳ האָכמאַן שטעלט זיך בעזונדערס אָב אויף דעם, וואָס די אַלטע גמינע-פערוואַלטונג, נישט זייענדיג זיכער אין איהר מאַכט, האָט זי ארויסגעגעבען די אַלטע בעאַמטע קאָנטראַקטען אויף אַנדערהאַלבען יאָהר און מען מוז זיך יעצט מיט זיי פּראָצעסירען און שטעלען אדוואָקאַטען. און דאָס הייסט שוין יאָ א ראַציאָנעלע ווירטשאַפט, ווען מ׳גיעט ארויס אַזעלכע קאָנטראַקטען וואָס, אז מען זאָל וועלען זיי רעאַליזירען, וואָלט עס געברויכט דער שטאָדט קאָסטען שעהנע טויזענטער זל.? וועגען דעם שווייגט דער ה׳ פישמאַן.

ה׳ האָכמאַן קומט דעריבער צום אויספיהר, אז דער בודזשעט פון ראַט איז א פיקציע, וואָס איז אויסען נישט דערלאָזען פיהרען ווייטער קיין נאָרמאַלע אַרבייט אין דער קהלה.

מיט א פייערדיגע רעדע טרעט אַרויס דער מיטגליד פון דער גמינע-פערוואַלטונג

## ה׳ ירחמיאל גוטמאַן

וועלכער זאָגט, אז דער ראַט איז בעגאַנגען א סך חטאים. געפיהרט א פערביטענעם קאַמפף מיט׳ן רב, א קאַמפף צוליב וועלכען ס׳זענען געפאַלען קרבנות פון ביידע צדדים. איז דאָס נאָך ווייניג און איצט וויל ער נישט ארייינשטעלען די פענסיע פון הרב קעסטענבערג אין בודזשעט. ווער זאָלזשע אכטונג טוהן אויף דער שחיטה, ווער זאָל פסק׳ענען הלכות איסור והיתר? ס׳איז דאָך פשוט א הימעלגעשריי אויף דעם גרויסען פערברעך, וואָס ס׳איז בעגאַנגען געגען דער פערשטאָרבענע פרוי פון הרב קעסטענבערג אין דעם טאָג ווען די אַלטע גמינע האָט אָוועקגענומען די ביכער פון „סטאַן-ציווילני“ פון הרב קעסטענבערג, האָט עמיצער צוגעשטעלט די פרוי זיינע א רעוואָלווער צום האַרץ, פון וואָס זי האָט פאַר שרעק בעקומען א האַרץ שלאַג און זיך אָבגעמאַטערט אַזוי לאַנג ביז זי איז געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג קליינע קינדער. די שטאָדט ברויך דאָך פשוט — רופט אויס ה׳ גוטמאַן — ברענגען אַנ׳עגלה ערופה פאַר׳ן דאָזיגן אומשולדיגן קרבן.

וואָס וויל נאָך האָבען דער ראַט? — אפילו יצחק גרינבוים האָט מורה געהאַט אז מ׳האָט איהם ארייגעפיהרט אין א טעות און ער האָט אויסגעדריקט זיין גרויסע חרטה איבער דעם, וואָס ער האָט דעם הרב קעסטענבערג אָנגערופען קאָנפידענט. זאָל שוין א סוף נעמען צום דאָזיגען קאַמפף, וועלכער האָט געקאָסט דמים מיט ממון. צי דען איז נאָך ווייניג דער פסק פון די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעטען. וואָס דער „אגודת-הרבנים“ האָט דערלעגירט קיין ראַדאָם?

ה׳ גוטמאַן פאָדערט אריינצושטעלען אין בודזשעט 1000 זל. א מאָנאַטליכע פענסיע פאַר ה״ב קעסטענבערג.

די דאָזאָרעס חיים ניימאַן און מאַטיל אייזמאַן זאָגען זיך ארויס, אז דער ראַט מיינט מיט זיין בודזשעט צו דעמאָנסטרירען און וויל דערפיהרען דערצו, אז די אינסטיטוציעס ווי תלמוד-תורה א. א. זאָלען אונטערגעהן. זיי זענען געגען פיהרען א וועלכער ס׳איז דעבאַטע. נאָר מ׳זאָל אָבשטימען דעם בודזשעט ווי די פערוואַלטונג האָט פאָרמולירט.

דאָזאָר ל. פ. זילבערשטיין רעכענט אויס, אז די ריינע הכנסה פון דער שחיטה בעטרעפט קוים 50 טויזענד זל. א יאָהר און וואָס פאַר אַנ׳אויסגאַבען האָט אַזאַ אינסטיטוציע ווי א קהלה? — אויף אויסמאָהנען אַלטע פערלעגענע חובות האָט נישט די גמינע קיין סעקוועסטראַטאָרען, איבריגענס האָבען זיי נישט וואָס איינצומאָהנען. אויב מען רעדט שוין יאָ פון אַלטע חובות, קאָן גיכער א רייד זיין פון די חובות וואָס די אַלטע גמינע האָט איבערגעלאָזט. דאָס איז די פירמע „קונעראַל“ ביי וועמען זי האָט נאָך מיט יאָהרען צוריק געקויפט צו איהרע פסח-אקציעס און נאָך ביז היינט נישט בעצאָהלט און נאָך פערשידענע חובות פאַר וועלכע מ׳האָט שוין זאָגאַר געוואָלט עטליכע מאָהל ליציטירען דאָס מעבעל פון גמינע.

דאָזאָר ה׳ אבא האָר ווענדעט זיך צום ראַט אָבצושטעלען דעם קאַמפף געגען רב, וועלכער איז אייגענטליך א ריין-פערזענליכער און, אז אפילו דער פרעזעס פרענקעל וויל אדורכזעצען זיינס אַ פערזענליכע אמביציע.

פערוואַלטונג׳ס-מיטגליד ה׳ ב. גאַרפינקעל אַפּעלירט צום ראַט צו מאַכען א ענדע פון דער מחלוקה, וועלכע איז אייגענטליך געבויט אויף אַמביציעס.

אויב ה׳ פישמאַן איז געגען מאַכען א „ראָזקלאַד“, ווייל ער האָט ערפינדען אז די גמינע-הוצאות קאָנען געדעקט ווערען מיט איהרע הכנסות, טאָ פאַר וואָס ער האָט דעם זעלבען רעצעפּט נישט איינגעפיהרט אין די פריהערדיגע יאָהרען, ווען די אַלטע גמינע איז געווען ביים רודער? קיין פענסיע פאַר הרב קעסטענבערג האָט דער ראַט נישט אריינגעשטעלט אין זיין בודזשעט-פרעלימינאַר, אָבער צעהנער-טויזענדער זלאָטעס איז געוואָרען פאַר אדוואָקאַטען. וויפיעל טויזענדער זל האָט גענומען אדוו. פאָזנאַנסקי, דער זעלבער וואָס האָט בעשולדיגט שוואַרצבאַרד׳ען? ה׳ גאַרפינקעל פאָדערט אריינצושטעלען א פענסיע פון טויזענד זל. א חודש פאַר הרב קעסטענבערג.

פרנס איידעלבוים זאָגט זיך ארויס פאַר׳ן „ראָזקלאַד“, ווייל אָהן דעם וועט די גמינע נישט זיין בכח צו פיהרען די קהלה ווירטשאַפט. די הכנסה-קוועלע פון דער שחיטה קאָן נישט בעפרידיגען אַלע הוצאות. חוץ דעם איז א גרויסער אונטערשיד פון שחיטה ביז א „ראָזקלאַד“. פאַר שחיטה-אָבצאָהל איז דאָ איין טאַקסע פאַר אָרים און רייך. דאָגעגען א „ראָזקלאַד“ ס׳הייסט דער קהלה-שטייער ווערט אויסגעמאָסטען לויט פערשידענע קלאַסען און די מעהר פערמעגליכע, אָדער רייכע צאָהלען מעהר, אומעטום איז איינגעפיהרט, אז די אונדירעקטע שטייערן, וואָס פאַלען ארויף אויף די אַלגעמיינע מאַסען זענען פאַר אַלע גלייך, דאָגעגען דירעקטע שטייערן ווערען קלאַסיפיצירט און די פערטיילונג איז א פערשידענאַרטיגע, ענטשפּרעכענד




---

דעם ריזענוועדק וואָס קאָן דורך איך בעשאַפען ווערען?

יענע האָבען געבויט קלאָסטען פאַר דעם טויט. און איהר וועט בויען קלאָסטען פאַר דאָס לעבען.

וואַרט נישט אויף די פעלקערליגע זי וועט דעם הונגער און די נויט נישט איינשטילען.

די מענשהייט ברויך בערעטעט צו ווערען. טאָג-טעגליך פאַלען קרבנות דורך רויב, מאָרד און זעלבסטמאָרד.

אַלזאָ איהר ברידער, וועלכע בעזיצט אַלע מעגליכקייטען דאַצו, אויף אייך ליגט די פליכט דעם אנפאַנג צו מאַכען און איך בין זיכער דאָס אַלע פעלקער וועלען אייער גוטען ביישפיעל נאָכטוהן.

צו די מעגליכקייטען פון צאהלער. די צוויי סיסטעמען שטייערען פראקטיצירען זיך איבעראל, און די גמינע ברויך נישט זיין קיין אויסנאהם. ה׳ איידעלבוים שטעלט זיך דערנאך אב וועגען דער רבנות-פראגע און ערקלערט אז די האנדווערקער פרנסים זענען נישט געגאנגען אין גמינע מיט׳ן צוועק צו אנגאזשירען זיך אין אזעלכע ענינים נאר זייער מיסיע איז געווען צו ארביימען לטובת דער יודישער בעפעלקערונג. ער האט נאך אין יאהר 1929 געפאדערט צו ליקווידירען דעם רבנות-קאמפף, וואס שאדענט נאר די שטאדט אין אלע הינזיכטען. צוליב זיין שטעלונג הערט ער פערפאלגט פון ביידע צדדים. אין רודף-שלום-קאמיטעט האט ער קיין אקטיוען אנטייל נישט גענומען, אבער ער איז פונדעסטוועגען רעדפאר, אז מ׳זאל איינשטעלען אין בודזשעט די פענסיע פון הרב קעסטענבערג.

האזאר ה׳ מיכאל זיידמאן ענטפערט אויף דעם ה׳ פישמאן, אז א „סקלאדקע״ מוז מען מאכען, ווייל אהן דעם וועט נישט זיין מעגליך צו צאהלען די סובסידיעס פאר די אינסטיטוציעס. אין בערלאזען זיי אויף די פריוויליגע חודש-אבצאהלונגען וואס מע שען גיבען פאר פערשידענע אינסטיטוציעס, וואלט געהייסען א בערלאזען זיי אויף הפקר, ווייל די פריוויליגע נתינות וואלטען וואס א מאהל שוואכער, און ווירקליך זענען דא א סך מענשען, וואס קאנען נישט צאהלען. ה׳ זיידמאן פרעגט פאר וואס דער ראט קאן נישט בעשטעהן מסכים צו זיין יא איינצושטעלען די פענסיע פון הרב קעסטענבערג און פאר וואס ער האט טאלעווירט די מעשים פון א טייל פון דער אלטער פערוואלטונג, וואס האבען גענומען געלד אויף מתן בסתר אין מ׳האט קלאר נישט געוויסט, וואו דאס געלד איז אהינגעקומען.

א לענגערע רעדע האלט דער פרנס

## ה. א. גאלדבלום.

ער דיסקוסירט מיט׳ן פרנס מ. ל. פישמאן און ווייזט אויף, אז זיין פראיעקט האט ניט קיין ממשות׳דיגן יסוד. א „ראזקלאד״ מוז מען מאכען אבער א יושר׳דיגען און דאס האט די היינטיגע פערוואלטונג געטוהן. ס׳איז נישט קיין קונץ אבצושאפען דעם „ראזקלאד״ אויפ׳ן חשבון פון דעם. וואס מ׳וועט אראבנעמען פון די סובסידיעס, וואס זענען בעשטימט פאר די נויטיגע יודישע אינסטיטוציעס, וועלכע עקזיסטירען אין ראדאם. אזא חכמה וואלט זיך פאזאל

אבגעשלאגען אויף דער גרויסער יודישער נויט אין עלענר, וואס האט לעצטענס ארומגעכאפט די יודישע בעפעלקערונג. פערקעהרט, היינט זענען דא מעהר בעדערפטיגע, וועלכע מען ברויך שטיצען און נישט לאזען פאלען. און דאס איז די אויפגאבע פון א יודישער קהלה, וואס איז די רעפרעזענטאנטקערפערשאפט פון יודישען ארטיגען לעבען. אין א צייט ווען מ׳ברויך פערגרעסערען די סובסידיעס פון די אינסטיטוציעס קומט מען צוגעהן מיט רעדוקציעס? דער ראט האט אנ׳השגה צו סובסידירען דעם „לינת הצדק״ מיט 500 זל. א יאהר, אין דער צייט, ווען די זעלבע אינסטיטוציע ענטוויקעלט א מעריצינישע טהעטיגקייט פאר ארימע קראנקע, וואס בעטרעפט אין די טויזענדטער זלאטעס. אט יעצט איז געקומען א דעלעגאציע פון „לינת-הצדק״ אין די פערזאנען פון ד״ר צונג און פרעזעס זוויקעלסקי. זיי פערלאנגען א סובסידיע לכל הפחות פון 2000 זל. א פאדערונג, וואס איז דורכאויס א גערעכטע. אזא אינסטיטוציע איז דאך פשוט א נייטווענדיגקייט פאר דער שטאדט הן פאר ארימע און אין פיעל פאלען אויך פאר קראנקע וועלכע ווענדען זיך אהין נאך א דאקטאר ביינאכט און נאך משמורים. דאס זעלבע איז מיט דער אינסטיטוציע „חנוך-ילודים״ וועמען עס קומט פאר א פאר יאהר נאך ביי דער אלטער גמינע די

מישטיינסגעזאגטע סובסידיעס פון 200-ער זלאטעס. אויך די אינסטיטוציע ראנגעלט זיך און א ליאדע טאג וועט זי ווערן געשלאסען און די ארימע קינדער, וואס הערען דארט ערצויגען, וועלען זיך מוזען ארומוואלגערען אויף די גאסען.

ה׳ פישמאן, זאגט ווייטער ה׳ גאלדבלום, האט אריינגעשטעלט אין ראטפרעלימינאר א סומע פון 2000 זל. אויף רעדוקציעס פון רעקורסען. דאס איז דאך א לעכערליכע סומע אין אזא צייט ווי היינט, וואס מ׳קאן נאך נישט וויסען וויפיעל צאהלערס וועלען אוועקפאלען און מען וועט זיי מוזען געגנצליך בעפרייען פון עטאט סקלאדקע. נאך וואס ווייטער פיהרען א קאמף? אז מען פאהרט אונטערוועגס איז דאך פשוט א חרפה אויסצוזאגען, אז מען איז א ראדאמער. געקומען די גרעסטע רבנים פון פוילען, וואס האט גערופען יערען אויב ער האט עפעס צוזאגען וואס אפבעלאנגט די רבנית-פראגע. קיין געגנער אין נישט געווען. אלע דעלעגאציעס און אזוי יחידים האבען זיך ארויסגעזאגט פאר הרב קעסטענבערג. אויך אין דער החלטה, וואס די רבנים האבען ארויסגעטראגען ווערט אנערקענט די כסא-רבנות דעם הרב קעסטענבערג, היינט וואס וויל נאך דער ראט? ווייטער פיהרען פראצעסען און ווייטער נעמען געלד ביי דער שטאדט אויף קאמפפען?

ה׳ גאלדבלום פאדערט צו אנולירען דעם בודזשעט פון ראט און צו די דער פערוואלטונג ווענדעט ער זיך, אז מ׳זאל איינשטעלען הרב קעסטענבערג 1000 זל. א חודש פענסיע.

צו ענטפערען די אלע רעדנערס און אויף צו בעלויכטען איינצעלהייטליך יעדער פאזיציע פון ו׳אט-פרעלימינאריום, נעמט אווארט דער פרנס מ. ל. פישמאן. אבער ווי נאר ער הויבט-אן מיט די ווערטער, אז ער האט בעקעמפפט די אלטע פערוואלטונג און ער וועט אויך דאס טוהן לגבי די היינטיגע פערוואלטונג

## ברעכט אויס א שרעקליכער סקאנדאל

און דער גאנצער זיצונג׳ס-זאהל מיט דער גאלעריע געהט אויף רעדלעך און ה׳ פישמאן קאן בשום אופן נישט קומען צום ווארט. אלץ וויעגט זיך און א געשריי, אנ׳אליארם הילעכט אין אלע שטיבען ביז טויב צו ווערען. דער אנוועזענדער פארשטעהער פון דער סטאראסטווא ה׳ בעטקער וועגדעט זיך איינעגע מאהל צו דער גאלעריע. זי זאל זיך בערוהיגען, אבער דער טומעל האלט אין איין וואקסען. פון דער גאלעריע ווארפט מען צום-פרעזידיום טיש, וואו ס׳זיצט דער פרעזעס פרטיקל קארטאפלעס און ס׳הערען זיך אייטועשרייען: אראב! אראב! דער ראט מיט דער פערוואלטונג ווערט״עלט זיך איבער גאר נישט - קיר׳ריו. איינער שרייט איבער דעם צווייטען און מ׳דעקט זיך אויף דעם יחוס ביז׳ן צטהנטען געבירט. ערשט ווען דער רעפערענט בעטקער רופט ארויס דורכ׳ן טעלעפאן פאליציי און די לעצטע קומען-אן בערוהיגען זיך די אויפגעהיצטע געמיטער און אויף דער גאלעריע ווערט אנ׳ארדנונג.

ה׳ פרענקעל דעמאנסטרירט מיט די געווארפענע קארטאפעל און פרעגט, צי ביי אזעלכע בעדינגונגען קאן מען פיהרען א זיצונג און צי דאס איז בכלל דערלאזבאר.

פרנס משה ראזענבוים פראטעסטירט געגען דער האנדלונג פון די, וואס דערלאזען נישט קומען צום ווארט.

ה׳ ראזענבוים בעווייזט, וואס ער און זיין חבר איידעלבוים זענען בכלל געקומען אויף דער זיצונג, ער פאדערט אויף די גאלעריע צו פערהאלטען זיך א ביסעל רוהיגער. ווען ער וואלט געוויסט, אז די גאלעריע וועט זיך אזוי אויפפיהרען, וואלט ער געבעטענס א האנדווערקער-גאלעריע, וועלכע וואלט

פערקאנקורירט מיט די איצטיגע.

אויך דער סטאראסטווא-פארשטעהער ה' בעטקער בעט ס'זאל זיין שטיל, ווייל ס'איז ערלויבט יעדען איינעם רעדנער ארויסצוזאגען וואס ער וויל און מען דארף נישט שטערען. טראץ דעם, וואס ער אליין האלט, אז דער נייער פראיעקט פון דער פינאנס-קאמיסיע צו סקאסירען דעם „ראוקלאר" איז א פיקציע און איז נישט אויספיהר-באר, דאך איז ער נישט מסכים מיט דער מעמאריע פון שטערען.

נאכדעם ווי דער סקאנדאל ווערט איינגעשטילט, ערקלערט ה' פרענקעל א הפסקה פון 10 מינוט. דערנאך מעלדעט ער, אז צוליב דער אויפגערעגטער שטימונג ווערט אפגעלעגט די זיצונג פון ראט אויף דינסטאג. דערביי שטעלט ער א בעדינג, אז די פערהאלטונג זאל אויף דער צווייטער זיצונג נישט דער-לאזען קיין שום גאלעריע, ווייל צנדערש וועט נישט זיין מעגליך צו פיהרען די זיצונג. ביז דינסטאג וועט די פינאנס-בודזשעט-קאמיסיע נאך אמאהל בע-טראכטען דעם ראט-פרעלימינאריום.

דינסטאג דעם 10-טען מערץ איז דער ענדגילטיגער טערמין וואס די מאכט האט אנגעוויזען, אז ביז דאן מוז דער קהלה-בודזשעט אויפ'ן היינטיגען יאהר פערטיג ווערען, דעריבער קאן שוין די ראט-זיצונג אויף שפעטער נישט אפגעלעגט ווערען. ה' פרענקעל בעט נאך אמאהל די פערהאלטונג נישט צו דערלאזען קיין גאלעריע. אבער דא הערען זיך ווידער אויסרופען: די ראט-זיצונגען זענען עפענטליכע און יעדער בירגער האט דאס רעכט צו קומען הע-רען וואס זיינע פארזארגער טהוען פאר איהם. און אז די יעצטיגע גאלע-ריע איז אזא מיוחס און האט די זעלבע פריווילעגיעס פון די אמאליגע גא"ע ריגס ווען די אלטע גמינע האט רעגירט.

די זונטאג'יגע ראט-זיצונג האט גע-דויערט דריי שעה, פון 9 ביז 12 ביי-נאכט און קיין שום בעשלוס אדער אבשטימונג איבער וועלכע ס'איז פאזי-ציע פון זיין פראיעקטירטען בודזשעט איז נישט אדורכגעפיהרט געווארען.

דינסטאג ביינאכט איז פארגעקומען דער המשך פון דער ראט זיצונג, אויף וועלכער די ציוניסטישע פראקציע איז שוין נישט געקומען. דער ראט איז ראס מאהל בעשטאנען פון די האנד-ווערקער-פראקציע און פון דער אונ-פארטייאישער פראקציע.

פאר די זיצונג האט ה' פרענקעל צוגעשיקט א בריעף צום סטאראסטא-פארשטעהער ה' בעטקער, וועלכער אין אויך דאס צווייטע מאהל געווען אנוועזענד אויף דער זיצונג. דער בריעף איז נישט געווארען פארגעליינט, אבער מען איז זיך משער, אז אין בריעף איז געווען געמאלדען וועגען רעזיגנאציע.

פארזיצענדע'ר פון דער צווייטער ראט-זיצונג איז געווען ה' גאלדבלום. אויף דער זיצונג איז געווארען אנגע-נומען דער בודזשעט פון דער פער-וואלטונג, נאר מיט געוויסע ענדערונגען.

אויספיהרליכע פרטים אין נעכסטען נומער.





# נישט קיין מאסקען-באל, נאר קוים א דאנסינג.

ס'האט שוין געהערט צו א טראדיציע דאס איינארדנען יאהר-ביי-יאהר דורכ'ן בית-יתומים א מאסקען-באל. היינטיגען ווינטער איז דער דאזיגער מינהג בטל געווארען. די שולד דערין האט די שווערע, קריטישע לאגע, וואס האט זיך לעצטענס פערשטארקט אויף גאר א אויסערגעוועהנליכען, פאטאלען אופן.

ס'וואלט פשוט געווען א ריזיקאלער שריט מצד דעם בית-יתומים-קאמיטעט צו דעאליזירען דעם מאסקען - באל, וועלכער האט פארגעזעהן מעהר אויס-גאבען ווי איינקונפט. דער עולם וואלט ווייניג געקומען אויפ'ן באל. נישט ביי יעדען געהען די געשעפטען גוט. אי-בעראל הערשט א שרעקליכער קריזיס און געהן אויף א מאסקען-באל מוז מען געהן לייטיש צונויפגעשטעלט און דאס אלץ שמעקט מיט געלר און דוקא גראב געלד, אויסער אנדערע קליינע-קייטען ווי א בילעט, בופעט א. ד. גל.

בקיצור, דער באל אויב נישט קיין היזק — קיין ריוח וואלט ער געוויס נישט געבראכט. היינט צו-וואס דער „קלאפוט", די ארבייט און קאפ-פער-דרעהעניש, האט מען טאקע עובר גע-ווען חיי-יאהר אויף דער טראדיציע און דער יעהרליכער איינקונפט פון איינציגע טויזענד זלאטעס, וואס פלעגט שטענדיג איינפליסען פאר'ן בית-יתומים פון אזא באל פעהלט היינט אויס אין דער קאסע. דער קאמיטעט ראנגעלט זיך, אז ט'איז פשוט א רחמנות צו צוקוקען און געפינט זיך אין דער גרעסטער פערצווייפלונג, נישט וויסענ-דיג שוין פון וואנען צו פערשאפען זיך געלד-מעגליכקייטען ווייטער אויס-צוהאלטען דעם בית - יתומים וואו ס'ווערען ערצויגען ביז 70 יתומים און ס'ווערען אויסגעהאלטען 20 זקנים.

וואס גרעסער דער קריזיס, אלץ ער-גער און שווערער ווערט די לאגע פון דער דאזיגער הערליכער און מוסטער-האפטער אינסטיטוציע, וועלכע צאנקט און געהט אויס שטילערהייט. מ'האט שוין וועגען דעם עטליכע מאהל גע-שריבען, אבער די שטאדט שווייגט און מען הערט נישט און מען זעהט נישט, די שטאדט זאל זיך אנרופען און ער-פילען דעם הייליגען חוב פאר די קליינע, אומשולדיגע און עלענדע יו-דישע יתומים'לעך.

דער קאמיטעט האט בעשלאסען צו לאזען זיך אויף א נייעם עקספערימענט — איינפיהרען א פאלק'ס-בעשטייערונג, אין וועלבער ס'זאל זיך בעטייליגען די גאנצע שטאדט, ארים און רייך. אויספיהרליך וועגען אט דעם פלאן, וועלען מיר ארומרעדען א צווייט מאל. איצט ווילען מיר נאר אויפמערקזאם מאכען, אז קודם כל ארדענט איין דער קאמיטעט היינטיגען שבת-צונאכט א דאנסינג אין צוקערניע פון ה' פשי-ביטניעווסקי. דער דאנסינג ברוך פער-טרעטען דעם טראדיציאנעלען מאסקען-באל און לכל-הפחות ווערט פון איהם ערווארט כאטש א דריסעל הכנסה, וואס א באל פלעגט געבען.

אויפ'ן דאזיגען דאנסינג ברויכען זיך בעטייליגען אפילו אזעלכע, וואס קומען זעלטען-ווען אין צוקעריע. :: פשיטא שוין די יוגענד און אינטעליגענץ, וואס זענען דארט אפטע בעזוכער. ס'וועט נישט זיין קיין גוזמא ווען מיר וועלען זיך אויף אזוי ווייט אויסדריקען, אז ס'איז איינפאך א מצוה צו בעזוכען דעם דאנסינג, פון וועלכען די הכנסה געהט אויף אזא אידעאלען און ער-האבענעם צוועק ווי אויף ערציהען און ערנעהרען יודישע יתומים.

געהט אלע אויפ'ן דאנסינג.



# קרוב פיר הונדערט יודישע האנד-ווערקער פון ראדאם און פראווינץ זענען צוגעגאנגען צו די עקזאמענס

אין די טעג פון 4, 5, 6 און 7 דעם חודש זענען פארגעקומען די 2-טע עקזאמענס פון האנדווערקער אויף מייס-טערס.

די קיעלצער האנדווערקער-קאמער האט דעלעגירט צו די עקזאמענס די ה"ה: פרעזידענט פון די האנדווערקער-קאמער פפוגא, דירעקטאר מאג. אק-

בענעפיציט דעם פערוואלטונג׳ס-מיט-גליד י. גוטמאן.

צו די עקזאמענס זענען צוגעגאנגען 200 האנדווערקער פון ראדאם און 134 פון דער פראווינץ.

אין די עקזאמינאציאנס-קאמיסיע האבען אנטייל גענומען יודישע פארשטעהער פון פאלגענדע ראדאמער האנדווערקער-צעכען.

פון די פריזירער — ראזענבערג, פון די גלאזאזשעס — ש. איידעלבוים, פון מעשענזשניקעס, שלאסער, קאוואלעס און בעכאניקער — ח. י. פעלדמאן, יובילער און גראזירער — י. חיינבארט, פון די בעקער — א. האך, פון די צוקערניקער — י. זילבערשטרום, פון די קאמאשענמאכער און שוסטער — י. י. מאגנישעווסקי און א. זימלער, פון די טישלער, טאפעצירער — מ. גאלדבערג, פון די שניידער, קירזשנער און קאפעליושניקעס — י. שניידער.

אין אלגעמיין זענען די עקזאמענס געפיהרט געווארען לויט ארדענונג און אביעקטיוו.

# ווארשאווער „קיבעצאר-ניע" איז ראדאם, קעלץ.

די פאפולערע און באליבטע הומאריסטען נאדעלמאן און מ. ש. גאלדשטיין (לוסטיגער פעסימיסט) און עלגוים וועלען היינט אויפטרעטען אין טעאטער „ראזמאיטאשטשי" און מארגען אין קעלץ אין טעאטער „פאלסקי".

די לוסטיגע חברה וועלען אויפהייטערען דעם עולם און איהם ארויסטרייבען פון זיין מרה-שחורה צוליב דעם שווערען קריזיס.

די אויפטריטען פון די ווארשאווער „קיבעצארניע" האבען ארויסגערופען אינטערעס אין ביידע שטעדט.

# ראדאמער „מכבי" אריינ-געטרעטען אין וועלט-פערבאנד.

פאריגען זונטאג איז פארגעקומען די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון ראדאמער יודישען ספארט-קלוב „מכבי" נאכ׳ן עפענען די פערזאמלונג דורך אינזש. מ. ראזענבערג ווערט אלס פרעזיצענדער געקליבען ה׳ יאנאס קירשענבוים.

נאכ׳ן בעהערען מיט אויפמערקזאמקייט דעם טעטיגקייטס-בעריכט פון זעקרעטאר י. פרידמאן, ענטוויקעלט זיך א דיסקוסיע וועגען אריינטרעטען אין וועלט-פערבאנד „מכבי". ביי דער אבשטימונג זאגט זיך די מעהרהייט ארויס פאר אנשליסען זיך אין וועלט-פערבאנד. די פערזאמלונג האט געוועהלט א פערוואלטונג פון פאלגענדע ה״ה: רעגטיסט נארעל, י. קירשענבוים, אינזש. מ. ראזענבערג, ג. ברעסלער, וועגנער, וואקשלאק, אייכענבוים.

צוליב׳ן איבערפלייצען שפעט דעם ענדע פון דער ביגאניע „פשיאטשול חיידזשי" האבען מיר נישט בעוויזען דאס ארטיקעל צו געבען היינטיגע וואך. דער ענדע געהט אין קומענדיגען נומער. רעד.









פאר א גוטן ביישפיעל

ה׳ טענענבאר (לובלינער 20) האט גוטן ביישפיעל. געשאנקען 10 זל. לטובת די יתומות פלאצקי. זאלען אנדערע נאכטוהן דעם



# OGŁOSZENIE

## MAGISTRAT MIASTA RADOMIA

podaje do wiadomości publicznej, że przetargi na objekty miejskie na r. 1931/32 odbędą się w Wydziale Gospodarczym Magistratu (gmach przy Rzeźni Miejskiej), w terminach następujących:

**dnia 16 marca r. b. o godzinie 11 rano na wydzierżawienie:**

1) 193 miejsc na betonie na Placu Jagiellonskim dla sprzedaży owoców, włoszczyzny i kwiatów,

2) 60 miejsc w straganach żelaznych na Placu Jagiellonskim dla sprzedaży bielizny,

3) 10 miejsc pod dachem Hal Targowych na Placu Jagiellonskim dla sprzedaży galanterji,

4) 6 miejsc dla sprzedaży ryb pod dachem Hal targowych na Placu Jegiellonskim.

W razie niedojścia do skutku przetargu w powyższym terminie, następny odbędzie się w dniu 20 marca r. b. w tychże godzinach

**dnia 18 marca r. b. o godzinie 11 rano na wydzierżawienie:**

1) 28 jatek w Halach Targowych na Placu Jagiellońskim,

2) 8 miejsc dod dachem Hal Targowych dla sprzedaży mięsa wołowego na Placu Jagiellonskim,

3) 3 kiosków dla sprzedaży wód gazowych: I. przy ul Traugutta (dawniej Długa) napreciw Żelaznej, II. przy ul. Wałowej przy domu 15 i III. przy ul. Mlecznej przy domu № 49 (dawniej № 7.

4) Altany w parku im. Kościuszki,

5) 80 miejsc dla galanterji w słupkach na pl. Jagiellońskim,

6) 64 miejsc dla manufaktury w słupkach na pl. Jagiellanskim,

W razie nie dojścia do skutku przetargu w powyższym terminie następny odbędzie się w dniu 21 marca r. b. w tychże godzinach.

**dnia 20 marca r. b. o godzinie 11 rano na wydzierżawienie:**

1) 12 sklepów drobnego handlu na Wale,

2) 35 miejsc na betonie na Placu Jagiellonskim dla sprzedaży pieczywa,

3) 72 miejsc na betonie na Placu Jagiellonskim dla sprzedaży wyrobów masarskich.

4) 12 sklepów mącznych na Wale,

5) 1 sklepu z 3-ma wejściami na Wale,

6) 1 miejaca pod budkę dla sprzedaży artykułów spożywczych przy domu miejskim przy ul. 1-go Maja,

7) 1 sklepu w domu miejskim przy ul. Narutowicza.

W razie niedojścia do skutku przetargu w powyżsym terminie, następny odbędzie się w dniu 23 marca r. b. w tychże godzinach,

Oferta w kopertach zamkniętych, oraz wadjum należy składać przed rozpoczęciem przetargu w Wydziale Gospodarczym Magistratu.

Magistrat zastrzega sobie prawo dowolnego wyboru oferenta, ewentualnie przeprowadzenie przetargu ustnego, względnie nieprzyjęcia żadnej oferty.

Warunki przetargowe i dzierżawne przejrzeć można w dnie powszednie do godziny 12-ej w południe w tymże Wydziale.

Oferty byłych dzierżawców, którzy do rozpoczęcia przetargu na rok 1931-32 nie uregulują zaległego czynszu dzierżawnego za czas poprzedni rozpatrywane nie będą.

Uprzedza się, że miejsca przyznane po przetargu będą mogli zajmować tylko ci dzierżawcy, z którymi zostaną zawarte umowy na zasadzie przetargu,

Radom dnia 7 marca 1931 r,

Kierownik Tymczasowego Zarządu Miasta (—) **W. Pietrusiewicz**

**L. Gosp. R. IX 2-31**

Naczelnik Wydziału Gospodarczego (—) **W. Radziewicz.**

# קעלצער אבטיילונג.

## גראנדיעזער חנוכת-הבית פון ציוניסטישען קלוב אין קעלץ.

נאך פיעל יאהרען פון „היימלאזיג-קייט", האט די ציוניסטישע ארגאניזא-ציע אין קעלץ ענדליך בעקומען א אייגענעם פּאסענדען לאקאל. אמת, אז אפילו נישט האבענדיג נאך דעם לאקאל, איז לעצטענס אין קעלץ געפיהרט גע-ווארען א זעהר פערשטארקטע ציוניס-טישע טעטיגקייט. אבער דאך, האט דאס פעהלען פון א געמיינזאמען קאנ-צענטרירונג'ס - פונקט, זעלבסטפער-שטענדליך, געשטערט אין דער ארבייט און דער עיקר אונערמעגליכט דאס צוזאמענ-שטעלען זיך פון אלע ארטיגע ציוניסטישע כוחות. דאס האבען [illegible] די מיטגלידער פון איצטי-גען ציוניסטישען קאמיטעט און נאך א [illegible], אנגעשטרענגטע ארבייט, איז לעצטענס געלונגען צו שאפען דעם לאקאל.

לכבוד דער עפנונג פון לאקאל, איז דעם לעצטען שבת אין אווענד פארגע-קומען א אימפּאזאנטער חנוכת-הבית. עס איז געווען דער יום-טוב פון דער קעלצער ציוניסטישער משפחה, וועלכע איז געקומען זיך משמח זיין צוזאמען, צוליב דער בעקומענער פּאזיציע.

געעפענט די פייערונג האט דער פרעזעס פון דער ציון. ארג. ה' י. מ. רייזמאן מיט א אינהאלטסרייכען און איינדרוקספולען רעפעראט, וועלכער האט אלע געסט אריינגעבראכט אין א געהויבענער שטימונג. דאן שניידט אי-בער דעם באנד, די פארזיצענדערין פון „וויזא" פרוי רייזמאן. די מוזיק שפּיעלט דאן דעם פּוילישען און יודישען הימן און די געסט געהען אריין אין הערליך-דעקארירטען לאקאל. אויף דער וואנד הענגען די בילדער פון ד"ר הערצל, פּוילישען מלוכה-פּרעזידענט, וו. זשאבאטינסקי א. א.

דער עולם זעצט זיך ארום די רייך-סערווירטע טישען און עס הויבען זיך אן די בעגריסונגען. דער ערשטער רעדט דער אנוועזענדער ארץ-ישראל-דעלעגאט פון קרן-קימת ה' ליכטינגער. דאן בעגריסט דער פארשטעהער פון צ. ק. פון דער ציוניסטישער ארגאניזא-ציע אין פּוילען, ה' י. גאלדשטיין, וועלכער ווינשט, אז די ציוניסטישע טעטיגקייט אין קעלץ זאל איצט האבען דעם גרעסטען ערפאלג און ברענגען פיעל נוצען לטובת אונזערע שטרעבונ-גען.

נאך די בעגריסונגען הויבט זיך אן דער באנקעט-טייל. בין מזון למזון ווערען געהאלטען רעדעס און טאאסטען. אממעהרסטען ווערט געלויבט די „וויזא"-ארגאניזאציע, און בעזונדערס די בעקאנטע ציוניסטישע טהוערין פרוי קייזער, וועלכע האבען דעם גרעסטען פערדינסט ביים שאפען דעם לאקאל און ביים איינארדנען דעם הערליכען באנקעט. ה' ליבא פינקעלשטיין דער-צעלט ציוניסטישע זכרונות. דאן זינגט ה' רייזמאן א רייהע פרעהליכע העב-רעאישע לידער, וועלכע ברענגען אריין פרעהליכקייט צווישען עולם. א חייטערע שטימונג רופען ארויס די פּאראדיעס פון ל. ראזאל, וועלכע עס זינגט ה' קאמינער.

דער באנקעט פערציהט זיך ביז שפעט אין דער נאכט. דער עולם איז שטארק צופרידען און דאנקט וואכמאל די איינארדנער פון דער פייערונג, ווי אויך דעם ציוניסטישען קאמיטעט.

נאך א געמיינזאמען טאנץ צוגעהט זיך דער עולם אין א געהויבענער שטימונג.

---

## ווען שניפּשאק רייסט זיך צו ווערען א גרויסע שטאָט...

אויב האט איהר ביז איצט געמיינט, אז שניפּשאק, איז נאך געבליבען א קליין שטעדטיל, מיט אלע אייגענשאפ-טען און אלטמאדישע מידות פון א קליין שטעטעל האט איהר, במחילה, געהאט א גרויסען טעות. זייט אייניגע יאהר, האט שניפּשאק, אין איבערהויפּט די יוגענד, מיט דער גרעסטער פּונקט-ליכקייט, און מיט גרויס כונה, נאכקאנ-טראלירט אלע בעריכטען, בעשרייבונגען אין די צייטונגען וועגען שטורמישע קאנפערענצען, וועגען מחלוקת'ן און און עקספּרופּריאציעס אויף די פּארטייאי-שע מיטינגען און וועגען נאך אזעלכע „מאדערנע געשעהענישען" אין געזעל-שאפטליכען לעבען פון דער גרויסער שטאדט. שניפּשאק האט זיך דאס גע-נוי אויסגעלערנט און געזאגט:

— מיר ווילען אויך מאכען די קינץ און, מיר ווילען ווערען א גרויסע שטאדט...

נו, זאל גאט אבהיטען פאר אזעלכע אויסגעלערנטע „קינצען" און פאר אזעלכע „גרויסע" שטעדט.

נאט אייך א מעשה שהיה.

דאס דירעקטאריום פון קרן-קימת אין פּוילען, האט לעצטענס איינגעאר-דנעט א רייהע קרן-קאנפערענצען פון די נאציאנאל-פאנד-עסקנים. אזעלכע קאנפערענצען זענען מ'רוב פארגעקו-מען אין די גרעסערע קרן-פּונקטען און זענען אדורך מיט ערפאלג. ווען עס איז געקומען די רייהע אויפן קיעלצער קרייז, האט דאס הויפּט-ביורא פון ק. ק. ל. בעשלאסען, אויף א אויסדריקליכע ביטע, איינצוארדנען די קאנפערענץ אין יענדזיעוו. דער מאטיוו איז געווען, אז דאס וועט בעזיי-טענד פערשטארקען די ציוניסטישע ארבייט און אריינברענגען שטימונג אין אזא שטעדטיל.

און מיר, די דעלעגאטען פון די גרעסערע שטעדט, זענען געפאהרען אין דער קלענערער שטאדט און געגלויבט, אז די קאנפערענץ וועט שטעהן אויף דער געהעריגער הויך און ברענגען נוי-צען. דאס, יעדענפאלס, איז דאך נישט אבהענגיג אין דער גרויס פון דער שטאדט.

אבער שניפּשאק האט געוויזען וואס זי קען. אנגעהויבען, האט עס זיך באלד מיט א סקאנדאל. איין יוגענד גרופּע, וועלכע איז פארטרעטען אין קרן-קימת-קאמיטעט, האט געהיטען די ארדנונג, שטעהן אזוי די מיטגלידער פון א ציוניסטער יוגענד ארגאניזאציע און, בייטענדיג די ליפּען, קוקען זיי זיך צו ווי זייערע „געגנער" הערשען אין זאל. פערגלוסט זיך זיי איך א שטיקעל דעה צו זאגען. האט נאכ-מעהר נישט געפעהלט אין באלד איז אויסגעבראכען א געשלעג. עס זאגט זיך נאר אזוי א געשלעג, אבער געווען איז עס א פארמעלע מלחמת-מצוה. אויב איין יונגעל האט געבייזט דעם צווייטען האט מען נישט געזאגט: „משה שלאגט זיך מיט בער'לען" נאר: „דער החלוץ פיהרט א קאמף מיט'ן בית"ר"... אז מען שמיסט גרויסספּאטיש, איז דאך גישט שייך צו זאגען...

דער סקאנדאל נומער 2 איז אויסגע-בראכען ביי די בעגריסונגען. דער פארזיצענדער האט אבי טעות געגעבען פריהער דאס ווארט צו א בעגריסונג דעם פארשטעהער פון, לאמיר זאגען, „רופא חולים" (צו וואס נאך דערמאנען די נעמען פון די ארגאניזאציעס). און דער פארשטעהער פון „סומך נופלים" באלד אויפגעשפּאנט און אנגעהויבען צו ווילדעווען און צו ליארמען, אז א שרעק איז אדורך דעם זאל. די קאנ-פערענץ איז צוליב דעם איבערגע-ריסען געווארען.

ווען עס איז שטיל געווארען, איז מען ווייטער צוגעטרעטען צו בעטראכ-טען די פּונקטען פון סדר-היום. די אנוועזענדע פארשטעהער פון די ווארשאווער קק"ל-לייטונג האבען אנגעהויבען זייערע רעפעראטען, ווי נאר אבער זיי האבען אבגערעדט אייניגע מינוטען, איז ענטשטאנען א טומעל ביי דער טהיר. אלע הויבען זיך אויף מיט א פרומע זריזות פון די ערטער און לויפען זעהען, וואס עס טהוט זיך דארט ביים איינגאנג. מעהר, האט מען שוין נישט געקענט איינשטילען דעם עולם און די רעפעראטען מוזען אי-בערגעריסען ווערען. וועגען בעריכטען און דיסקוסיעס, האט דאך שוין קיין רייד נישט געקענט זיין, האבען די איינארדנער איבערגעטראגען די קאנ-פערענץ אין א צווייטען זאל, וואו מען האט צוגעגרייט... א באנקעט.

דעם דאזיגען „באנקעט". איז באמת ווערט א בעזונדערען פעליעטאן צו ווידמען. איך האב זיך ערשט איבער-צייגט, אז די קעלצער „חיזא" ארגאני-זאציע ווערט בחנם געריחמט פאר איהר מוסטערהאפטע איינארדען באנקעטען און טיי - אווענדען. די יענדזיעווער פריילינס מאכען עס פיעל בעסער...

וועגען די סערווירטע טישען מיט א שפע פון רויטע פלעשלער מיט לימא-נאד, רעד איך שוין נישט, אבער אז טארטען און אנדערע זיעסווארגען זאל'ן געטיילט ווערען נאך היבשע פּארציעס וואורשט מיט הערינג—דאס

# אכטונג עלטערען!

צי איז אייך בעקאַנט, אַז שוין כמעט אַ האַלב-יאָהר עקזיסטירט אין ראַדאָם

אַ 7-קלאַסיגע יודישע „שול-קולט" שולע

מיט רעגירונגס-רעכט וואָס איהר פּראָגראַם ענטשפּרעכט 4 קלאַסען גימנאַזיע

צי ווייסט איהר, אַז די „שול-קולט" שולע איז לויט איהר וועזען און כאַראַקטער די איינציגע נאַציאָנאַל-וועלטליכע יודישע שולע אין ראַדאָם!

די „שול-קולט" שולע, אין וועלכער עס אַרבייטען דיפּלאָמירטע און קוואַליפיצירטע לעהרער - פּעדאַגאָגען, האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו דערציהען אַ דור פון געבילדעטע יודען און גוטע בירגער.

יודאַאיק (תנ"ך, תלמוד, העברעאיש, יודישע געשיכטע) פאַרנעמט דאָרט אַ ברייטען אָרט אין לערן-פּלאַן פון דער שולע.

יודיש און העברעאיש ווערען דאָרט גלייך בעהאַנדעלט און שטעהען אויף אַ הויכער מדרגה. דער פּראָגראַם פון די אַלגעמיינע למודים ענטשפּרעכט ריכטיג 4 קלאַסען רעגירונגס גימנאַזיע.

עלטערן! געדענקט אָן דעם וויכטיגען דערציהונגס-אַנשטאַלט.

„שול-קולט" אין ראַדאָם

(וויטאָלדאַ 7)




## וי די פרייד פון גרייטען זיך צום פסח.

אונזערע פלייסיגע באַבעס, מומעס און טעכטער האָבען שוין איצט אין זינען דעם גרויסען יום טוב פסח. דאָס טייערע נעפעס וועט באַלד ווידער שיינען אין נייעם גלאַנץ און די אמת'ע בעל-הביתטע קויפט שוין היינט אויף פסח דאָס כשר'ע צערעס-פעטס.

די אויסאַרבייטונג פון צערעס געפינט זיך שטענדיג אונטער דער פאַראַנטוואָרטליכער השגחה פון הרב שמחה פרענקעל מסקאַווינא. 100%-טיג ריינער פלאַנצען-פעטס איז ביי היינטיגען טאָג דאָס נויטווענדיגסטע אין יעדער כשר'ער קיך. כשר'ער צערעס איז גוט צום נוצען ביי אויף מילכיג, ווי אויף פליישיג. מיט צערעס איז דאָס עסען זעהר לייכט צום פאַרדייען, דאָס דאָזיגע פעטס קאָן זעהר לאַנג ליגען און דאָך בלייבען אַזוי פריש, ווי אין טאָג, ווען מען האָט עס געקויפט.




צערעס

איז אַ 100%-טיג ריינער פלאַנצען-פעטס.

## דאַנקזאַגונג.

אין דער פורים-אַקציע האָבען אַנטייל גענומען פאָלגענדע פּערזאָנען:

ל. זילבערשטיין און מ. ציגאַ 51 זל., ב. ראָזענפעלד און מ. צוקער 41.25 זל., י. פישמאַן און ש. לאַנדוי 36 זל., א. מאָשקאָוויטש און גערשטענמאַן 34 זל., רוזמאַן און וויגענשפּערג 31.70 זל., י. רייך און מ. ש. צוקער 20.05 זל., י. זעגמאַן און גוטמאַן 17.80 זל., גורפּינקעל און קאַרמאַן 17.70 זל., ניימאַן און גוטמאַן 14.30 זל., לאַנדוי און בלמד 10.40 זל., קיפּערוואַס און פינקלער 9.50 זל. בס"ה איז געוואָרען געזאַמעלט 234.20 זל.

די פּאָרות, דריקט דערמיט אויס איהר טיפסטען דאַנק די אַ ע א.ד. ח"ה פאַר אַנטייל נעמען אין דער זאַמעל-אַקציע. ס'איז צו האָפען וואָס אייך ווייטער וועלען זיי אַנטייל נעמען אין פערשידענע אַקציעס כדי צו קענען לינדערען די עלענדע נויט פון אונזערע אָרימע קראַנקע ברידער.

מיט אכטונג

פאַרוו. „לינת-הצדק"

די פּאָפּולערסט און איבעראַל - אַנערקענטע

פאַבריק פאַרבערייי און כעמישע פּראַלניאַ

J. ZÜCHNERA

נעמט אָן צו פאַרבען און צו פּוצען אויף אַ כעמישען אופן

מענער און דאַמען - גאַרדעראָבעס, ווי אויך גאַרניטורען קאָסטיומען, פּאַלטענס, קליידער, בלוזקעס,

און אַלערליי פוטערוואַרג.

דאָס צלק הערט אויסגעפיהרט פינקטליך, מאַליד און ביי צוגענגליכע פּרייזען.

די פירמע י. ציכנער, בעזיצט אַ פיליע אויף זשעראָמסקי 47 וואו עס ווערען אָנגענומען אַלע אַרט בעשטעלונגען פאַר דער דערמאָנטער פאַרבעריי

—— און פּראַלניע. ——

*J. ZÜCHNER, Radom,*

Spacerowa 21







## - לאַקאָמאָביל -

לאַנץ 125 פערד קראַפט פון 1925

אַזוי גוט ווי ניי

ביליג צו פערקויפען

Inż Kleniec, Warszawa, Sienna 45.

עגדע פון זייט — 7

האָט די קעלצער „וויזאַ" זיכער נישט געהאָפט...

אָבער נישט דאָס בין איך אויסען. אויסן „באַנקעט" האָבען מיר זיך בעמיהט כאָטש עטוואָס צו עודערען די לאַגע און אָנהויבען אַ דיסקוסיע, אָננעמען רעזאָלוציעס א. א. וו.

עס איז נישט געלונגען, ווען אַביי ורבא זאָלען, אין יענער מינוט, קומען און דאָס פערלאַנגען, וואָלט עס זיי אויך נישט געווען.

מעהר האָבען די חברים בלאָך און ליכטינגער נישט געקענט דורכזעצען. פשוט מיט גאָל האָבען זיי בייזינען אַרויסציזאָגען עפּעס געזעגנונגס-ווערטער און — די קאָנפערענץ איז געשלאָסען.

יאָ, אַזוי זעהט עס אויס, ווען שניפּשאָק קיל ווערען אַ גרויסע שטאָדט און ווייזט קינצען.

לייבעלע.